
דאס געזאנג
פון הירש
פון
ראובן
אייזלאנד

# דאס געזאנג פון הירש

## פון

## ראובן אייזלאנד



פארלאג אינזל ניו-יארק
ניינצן הונדערט פיר און פערציק

הויפּט־פאַרקויף: פאַרלאַג משה שמואל שקלאַרסקי.



פון סיני קומט דאָס שטרענגע, הויכע וואָרט.
אַ פייער-זייל, אַ ברענענדיגער דאָרן,
אַ שאַרפער בליץ, וואָס ערד און הימל פאָרט.

דער פאָרן בוקט זיך צום לבנה-האָרן.
און שכור איז לבנון מיט געזאַנג,
ווייל אויף אים געטער זיך ווי מענטשן פאָרן.

אין שומרון בייסט מיט גיפט די שיינע שלאַנג,
און אין יהודה שלאָגט דאָס וואָרט די מענטשן,
ביז סקומט די חכמה מיט איר מילדן גאַנג,

און פלייש און גייסט זיך בענטשן.

1

אַ רוף פון האָרן שאַלט־אויף אין דער נאַכט.
אָ, פלינקער הירש, שנייד מיר דעם וועג ניט איבער!
דער חלום ברענט ביי מיר אין בלוט ווי פיבער.—
מיט אַלטע געטער האָב איך אויפגעוואַכט.

מיט קאַלב, מיט באָק, די ערשטע פון דער טראַכט,
דעם פלינקן הירש, וואָס שפּרינגט דעם קוואַל אַריבער.
— וואו ביזטו טויב ?—אין שפּאַלט פון פעלז, מיין ליבער,
פון ליבשאַפט קראַנק, פון בייגקעניש פאַרשמאַכט.

צו קיניגן־לבנה, אויסגעשפּרייט די הענט,
געגשנען זיך די פרויען ווי אַ קרבן.
און קאַלב און באָק פאַרשכורטע זיך האָרבן
אַריבער זיי, און הירש זיין גאָלד פאַרשווענדט.

ווי פערל, זיסע זאָמען זיך צעשיטן,
אַ גאָרטן פול פאַר יעדער פרוי צו היטן.

אָ, שטייט אויף, שוועסטער! ווינטער איז אַנטלאָפן.
דער בייזער שד פאַרטריבן איז פון לאַנד.
עס קומט דער הירש אין לאַנגן שפרונג געשפאַנט,
און יעדער קנאָספּ, און יעדע טראַכט ווערט אָפן.

און אַלץ וואָס איז ווי טויט ביז איצט געשלאָפן,
וואַכט אויף אין גרין, צעפלאַמט זיך ווי אַ בראַנד.
אָ, צירט אייך, שוועסטער מיטן שענסטן באַנד,
און לאָמיר אים אַקעגנגיין מיט האָפן.

אין הימל גליט דער יונגער הירש—אַ שטערן.
דער ווײַנשטאָק בליט.—אַ ליבּ! אַ ליבּ! אַ ליבּ!
אין בייט פון בשמים וואָרקעט זיס די טויב,
און אַלץ אין איר וויל הערן, הערן, הערן.

פון קאַלב, פון באָק איז יעדע שפור פאַרלאָרן,
דער פלינקער הירש איז איצט געזאַלבט געוואָרן.

דער עפּעלבוים שפּרייט אויס זיין קילן שאָטן.
— אָ, לאָב דיך, ליבער, טרינק דיך אָן מיט וויין.
איך בין דער קוואַל און דו, מיין הירש, ביזט מיין,
מיט שלאַנקע פיס האָסטו מיין ראַנד באַטראָטן.

— עס האָט אין מיר די גלוסטונג אויפגעזאָטן,
אָ, שוועסטער-כלה, ווי אַ שאַרפע פיין,
ווען אויפגעלויכטן האָבן דיינע ציין,
און דיינע לאָקן האָבן זיך צעשאָטן.

— מיין גאָרטן אָפן נאָר פאַר דעם געוואָלטן,
דער קוואַל פאַרזיגלט און פאַר אים געהיט.
— מיין פייל איז שאַרף און סאיז מיין טלוי געשפּאָלטן,
און יעדעס גליד נאָך דיר מיט ליבשאַפט גליט.

— אָ, היינגל-טרויבן צווישען מיינע ברִיסט,
דעם זיסן מאָסט דער קוואַל אין זיך פאַרשליסט.

אָ, וואַך אויף, ווינט פון צפון און פון דרום,
און קיל מיין גאָרטן, קיל מיין הירש אין שלאָף.
פון גלעד כוואַליען ווייסע סטאַדעס שאָף,
אַ מילגרוים רייף זיין שלייף ביי מיר אין אָרעם.

— מיט מילך און האָניק דיינע רויזן-ליפּען,
מיט מילך און האָניק טריפט דיין גומען זיס.
מיין הערנער-קרוין לייג איך צו דיינע פיס
און אַלע בערג ווי שאָף אַרום אונז היפּן.

אָ, זון, אָ, פאָן, אָ, שיינענדיקער האָרן!
עס גלוסט דאָס פעלד צו צייטיקן מיט קאָרן,
מיט גערשט, מיט ווייץ; מיט אייל און ווין צו פליסן.

אָ, דריק מיך, ליבער, צו דיין האַרצן ווי אַ זיגל,
וועק אויף די צונג פון שלאָס, האַק אויף דעם ריגל,
און זאָל דער קוואַל די בייטן ווייט פאַרגיסן!

5

פון ווייט, פון מדבר ציען קאַראַוואַנען,
באַלייט פון קריגער, און פאָראויס אַ וואָלקן
און אַלץ וואָס שפּייעכץ קייט און ווערט געמאָלקען,
ווי זאַמד ביים ים אין מחנות לאַנגע שפּאַנען.

מיט שופרות אין די הענט, אויף אַקסלען שטאַנגען,
די באָרוויסע, וואָס שעלטן דעם פּאַרהאַסטן.
און הינטער זיי די הייליקייט אין קאַסטן
שוועבט איבער כוואַליעס קעפּ אין לויב-געזאַנגען.

און איינער איז מיט שטריק און פּיילנבויגן
אַוועק אויף בערג, אין האָניק וואַלד, אין גאָרטען
פון מירט, צום אויג פון קוואַל, צום באָרטן
פון ים, און סלאַנד אין גאַנצען דורכגעצויגן.

פון יעגער, הירש און מיילן-ווייטע שפּרונגען
אויף הייכן האָט מען דורות-לאַנג געזונגען.

מיין גאָרטן בליט און סשפּראָצן שוין די פייגן.
— אָ, הירש, מיין ליבער, וואו ביזטו פאַרשוואונדן ?
האָסט מיר דאָס בלוט ווי פייער אָנגעצונדן,
איצט ברענט גיהנום אין פאַרשטיקטן שווייגן.

פאַרשטעקט אין גראָז, באַהאַלטן צווישן צווייגן,
אַ קאַלב אַ קראַנקס ליג איך און לעק די וואונדן.
— מיין טויב, מיין אינדין, כבין אַליין געבונדן.
אין ווייסן ליין צו מיר כהנים שטייגן.

דאָס קאַלב איז בראַנד, און לעבן אים דער ווידער.
אַ קרבן אויך דער הירש געזאַלבטער, שיינער ?—
דעם גאָט פון נעכטן קען שוין היינט נישט קיינער,
דאָך בליט ער הייליק אין די אַלטע לידער.

ווער גייט דאָס אויף אין מדבר ווי אַ שטערן ?
דער הירש, דער גאָט, וואָס וויל קיין שד נישט ווערן.

דאָס לאַנד פון הירש שטראַלט אויף אין יום-טוב פאַרבן,
ווייל סאיז די ערד מיט שפע אויפגעגאַנגען.
צום הירט פון לאַנד מיט פרייליכע געזאַנגען
פון אַלע עקן טראָגט מען ערשטע גאַרבן.

דער הירט פון לאַנד צווישן צעדערביימער
אי ווייט, אי הויך, פון אַלעמען פאַרהוילן.
דאָ שלייכן אום אויף שטילע, ווייכע זוילן
כהנים שטרענגע און לויים טרוימער.



דער ווייירויך דאַמפט און סגייען אויף אין פלאַמען
דאָס קאַלב, דער באָק, דער שטיר-אָקס און דער ווידער.—
וואָס סגייט אויף אויבן קלייבט דער הירט צוזאַמען,
און אַש צו אַש באַהעפט זיך אין דער נידער.

די קראַנקע טויב אין שפאַלט פון פעלז דעם קאַלטן.
— מיין אינד, מיין הירש, וואו האָסטו דיך באַהאַלטן ?

— אָ, שוועסטער-אינדין אינם שפּראָץ פון מאָרגן,
אָ, ליכטיג-אויג, האָסטו מיין הירש געזען ?
— מיין שוועסטער-טויב, דאָס גרויסע איז געשען :
עס איז דער הירש פאַרוואָנדלט און פאַרבאָרגן.

דיין הירש איז ווייס און נאָענט ווי דיין פינגער,
דיין הירש איז הויך און נידעריק ווי גראָז.
אין רינסטן קלאַנג, און אין דעם לייכטסטן בלאָז
דערקענען אים די זעער און די זינגער.

דיין הירש איז הירט און זיינע שאָף די שטערן,
דיין הירש איז מילב און ווינציקער פון שטויב.
דו קאָנסט אין דונער אים פאַרנעמען, טויב,
אין שטילסטן שווייגן זיינע טריט דערהערן.

אין אירע פליגל הילט די טויב זיך איין,
און ששווייגן וואַקסט ווי אין דער טרויב דער וויין.

דאָס שווייגן וואַקסט ביי יעדן איינגעווייטן.
די טלויען-צייכנס זוכט מען אין די צאָלן.
און פאַרמעטן מיט אות און קרוין באַמאָלן
פאַרבאָרגן פאָרשט מען דורך די אַלע צייטן.

אין יעדער שטוב אין לויפענדיקע קרייזן
גייט אויף זיין בילד פון ראַמען אויף די ווענט,
און יעדעס אינגל מיט געבענטשטע הענט
וויל אים אין האָלץ צי אויף שויתים ווייזן. 23

און אין דעם מיידלס שטיל פאַרליבטע אויגן,
ווען סווערט דער פאָדים דורכן ליין געצויגן,
בליט אויף זיין פלינקער, וואונדערליכער שפרונג.

און אומעטום וואו נאָר מיר אידן וואוינען,
דערציילן אונז געצווייגטע הערנער-קרוינען
פון טעג ווען סאיז די וועלט געווען נאָך יונג.

אָ, גרויסער גאָט אין דיינע בלויע הייכן,
דער יעגער איז מיט וועלף אַרויסגעריטן.
די קינדער פון דער טויב זיי ווערן איצט פאַרשניטן
דעם שונאס גרוילן ביז עק-וועלט דערגרייכן.

אָ, פלינקער הירש, לאָז הערן דיינע טלויען,
און אייל מיט הילף דעם איבערבלייב צו רעטן.
און זאָלן דיינע שלאַנקע פיס באַטרעטן
דיין לאַנד, דיין אַרב, צו בענטשן עס מיט טויען,

מיט זון, מיט רעגען און דעם ליכט פון שטערן.
און זאָל אין האַרצן יעדן ליכטיק ווערן
פון חכמה, קאָנען און פון טיפן וויסן.

און זאָל זיך איינמאָל שוין דער נס באַווייזן,
אַז פון דער שווערד זאָל ווערן אַקעראייזן,
און אַלדאָס שלעכטס זאָל ווערן אויסגעריסן,—
אָמן.

# נאָכוואָרט

„דאָס געזאַנג פון הירש״ איז אַרויסגעוואַקסן פון מיין קאָנצעפּציע פון „שיר־השירים״. מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך געקומען אויפן געדאַנק, אַז די הייליקייט פון „שיר־השירים״ איז אַ סך עלטער ווי די הייליקע שריפטן, פון וועלכע ער איז אַ טייל. נעמען, סימילן, מעטאַפאָרן און שילדערונגען אין דעם בוך האָבן מיך איבערצייגט, אַז „שיר־השירים״ איז נישט קיין אידיליש געזאַנג וועגן דער ליבע פון שלמה המלך און אַ פּאַסטוך־מיידל מיטן נאָמען שולמית, ווי עס איז איין צייט געווען אָנגענומען, אויך נישט קיין זאַמלונג פון פּראַפאַנע פאָלק־לידער, ליבע־לידער, חתונה־לידער, אָדער פראַגמענטן פון אַ האַלב־פאַרלוירענער לירישער דראַמע, ווי געוויסע ביבל־קריטיקער ווילן האָבן. נאָר איז אורשפּרינגלעך געווען אַ זאַמלונג פון הייליקע לידער. וואָרשיינלעך געזונגען אָדער אינסצענירט אין אַ זינגשפּיל אָדער מיסטעריע צו אַ פאַרצייטיגן, לאַנג־פאַרגעסענעם סעמיטישן — אפשר אור־עברישן — גאָט (און געטין) פון ליבע און פרוכטבאַרקייט.*)

*) ביי וועלכער געלעגנהייט, דאָס איז שווער צו זאָגן. ווען מען זאָל וויסן גענוי ווי אַלט עס איז דער מנהג צו זאָגן „שיר־השירים״ פּסח, וואָלט מען געקאָנט דרינגען, אַז דאָס זינגשפּיל איז געווען אַ טייל פון אַ ריטואַל ביי אַ פרילינג יום־טוב פון יענעם גאָט. פון דעם מנהג צו זאָגן „שיר־השירים״ פרייטיק צונאַכט קאָן מען זיך אָנשטויסן, אַז דער פרייטיק־צו־נאַכט איז אין איינער פון די צייטן געווען געהייליקט צו יענעם גאָט. אַ רמז אויף דעם קאָן מען זען אין דער מצוה אָדער דעם מנהג פון „עונה״, און נאָר מער אין דעם אָבערגלויבן. וואָס האָט בימי התלמוד געהערשט צווישן יידן, אַז אין די פרייטיק־צו־נאַכטן זיינען שכיח שדים. אומעטום וואו מען פאַרבינדט אַן אָרט צי אַ צייט מיט שדים, דאַרף מען אַ זוך טאָן צי זיינען זיי נישט אַמאָל געווען פאַרבונדן מיט אַ גאָט אָדער געטער. מחמת די מערסטע געטער זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר שדים נאָכדעם ווי זייער קולט איז אונטערדריקט געוואָרן און דער קולט פון אַ נייעם גאָט האָט פאַרנומען זייער אָרט. אויב דער דאָזיקער גאָט האָט, ווי די מערסטע אַנדערע סעמיטישע געטער פון פרוכטבאַרקייט, אויך געהאַט אַרום טעמפּל די אינסטיטוציע פון קדשות, איז גאַנץ מעגלעך, אַז טיילן פון „שיר־השירים״ זיינען געזונגען אָדער אינסצענירט געוואָרן ביי דער איינווייאונג פון אַ נייער

די דאזיקע ערדיש-פאגאנישע לידער פון ליבע און לוסט זיינען פארבליבן אין מויל פון פאלק לאנג נאכדעם ווי דער קולט פון יענעם גאט איז שוין געהאט אונטערגעגאנגען, און זייער הייליקייט איז געבליבן אין געדעכעניש פון פאלק, כאטש עס האט שוין מער נישט געדענקט פאר וואס זיי זיינען הייליק. אזוינע לעבעדיקע ירושות פון טויטע, פארגעסענע קולטן און קולטורן קאן מען געפינען ביי יעדן פאלק אין אלע ווינקלען פון דער ערד. אונדזער איינן ארטאדאקסיש יידיש לעבן ווערט נאך ביז אופן היינטיקן טאג רעגולירט פון א ריי געבאטן, פארבאטן, טראדיציעס און מנהגים, וואס ווארצלען אין אן אלטן, לאנג-פארגעסענעם קולט.

דאס איז אפשר די הויפט-סבה פארוואס די חכמים האבן נישט „באהאלטן" דאס ספר „שיר-השירים", ווי זיי האבן עס געוואלט טאן לויטן עדות זאגן פון דער גמרא. די לידער זיינען געווען צו טיף איינגעקריצט אין הארצן פון פאלק, אז מען זאל זיי קאנען אויסמעקן, און צו איינן און „הייליק", אז מען זאל זיי קאנען דערקלערן פאר „דרויסנדיקע". ווי מען טוט שטענדיק אין אזוינע פאלן, האט מען זיי קאנאניזירט, נאר זיי געגעבן א נייעם מיין, צוגעפאסט צום נייעם, דעמאלט הערשנדיקן קולט. דאס זינגשפיל צו א פארצייטיקן, פארגעסענעם גאט אדער גאט-פאר, וואס האט ביים נייעם קולט לויט זיין גאנצן מהות געמוזט אויסזען פארשייט און זינדיק, איז אויסגעטייטשט געווארן ווי אן אלעגאריע אויף דער ליבשאפט צווישן דער כנסת-ישראל און דער שכינה. פאר דעם איז מסתמא געווען אן אנדערע אויסטייטשונג, פונקט ווי שפעטער איז ביי די קריסטן „שיר-השירים" אויסגעטייטשט געווארן ווי אן אלעגאריע אויף דער ליבע צווישן יעזוסן און דער קירך.

דער סימבאל פון יענעם פארצייטיקן סעמיטישן גאט איז ווארשיינלעך געווען א הירש, ווי דאס קאלב, דער אקס, דער באק און דער

---

קדשה. ביי אלע געלעגנהייטן זיינען די דאזיקע לידער, אין וועלכע עס אנטפלעקן זיך אלע מאניפעסטאציעס פון ליבע, מסתמא באנוצט געווארן ווי א סגולה און באשווערונג: כדי מאן און ווייב זאלן זיין גליקלעך אין זייער אינטימסטן צוזאמענלעבן; כדי זיי אליין און אלע וואס געהערט צו זיי אין לעבעדיקע באשעפענישן זאלן זיך פרוכפערן און מערן, און כדי די ערד, וואס זיי באארבייטן, זאל געבענטשט ווערן מיט שפע.

ווידער זיינען עס געווען אין אנדערע צייטן און אויף אנדערע ערטער. דער ארט פון זיין קולט איז ווארשיינלעך געווען דאס פארצייטיקע כנען, און זיין הויפט-טעמפל—אדער מזבח צווישן סלופעס (אשרות) אדער קאנישע שטיינער—האט זיך ווארשיינלעך געפונען אין ירושלים. מיין השערה וועגן הירש-גאט איז געבויט אויף דעם פאקט, וואס אין „שיר-השירים" פיגורירט דער הירש אזוי פיל אין אלע זיינע גע-שטאלטן און אונטער אלע זיינע נעמען. פון אויבן אויף קאנען „הירש", „הירשין", „אינד", „אינדין" אנגענומען ווערען בלויז ווי פארצער-טעלטע צונעמען אין מויל פון דער געליבטער און דעם געליבטן. ביי א טיפערן איינבליק אבער דערזעט מען אין דעם הירש פון „שיר-השירים" א מיטאלאגישע פיגור. ער קומט צו שפרינגען ווי א הירש, ער ווערט עטלעכע מאל פארוואנדלט אין א הירש, און ער פיטערט זיך צווישן רויזן (אדער ליליען ווי אנדערע טייטשען דאס ווארט „שושנים"), נישט ווי א מענטשלעכער געליבטער, נאר ווי א גאט אין דער געשטאלט פון א הירש, און אז די געליבטע באשווערט עטלעכע מאל די טעכטער פון ירושלים, איז עס ווידער „ביי די הירשינס אדער אינדינס פון פעלד" באשווערן באשווערט מען נאר ביי הייליקייטן.

איבעריגנס ווערט די דאזיקע השערה מיינע, דאכט מיר, באשטע-טיקט פון דעם פאקט, וואס ארץ-ישראל ווערט אין תנ"ך אנגערופען דאס „לאנד פון הירש" און „ארב פון הירש", און דער בארג מוריה— „בארג פון הייליקן הירש". אגב איז דער בארג מוריה, כידוע, געווען פארהייליקט א סך הונדערטער יארן פאר דעם איידער אונדזער בית-המקדש איז אויף אים אויפגעשטעלט געווארן. ווען מען האט דערביי אין זינען, אז אלע פארצייטיקע סעמיטישע געטער פון פרוכטבאר-קייט, ווי פארשיידן זייערע נעמען און סימבאלן, זיינען פאקטיש געווען איינער און דער זעלביקער גאט, און האט מען ווייטער אין זינען, אז לויט דער לעגענדע איז די מוטער פון דעם פעניצישן גאט, וואס די גריכן האבן שפעטער איבערגענומען און פארגרייזט גערופן אדאניס, פארוואנדלט געווארן אין א מירע- (מור) בוים איידער ער איז געבארן געווארן, און אז די מירע אדער „מור" האט בכלל געשפילט א גרויסע סימבאלישע ראלע ביים דינסט פון אלע סעמיטישע געטער פון פרוכט-בארקייט, דעמאלט קאן מען זיך לייכט פארשטעלן פון וואנען עס נעמט

זיך אי דער נאָמען („מור־יה״) און אי די הייליקע טראַדיציע צו דעם דאָזיקן באַרג.

פאַרשטייט זיך, אַז אונטער אַלע געשטאַלטן און אַלע סימבאָלן זעט דער מענטש זיין גאָט אין דער געשטאַלט וואָס איז אים צום נאָענטסטן — זיין אייגענע, די מענטשלעכע. די סטאַטוע, דעם געץ, וואָס דער מענטש שטעלט אויף פון זיין גאָט, טראָגט מערסטנס די מענטשלעכע געשטאַלט. גאַנץ אָפט באַצירט מיט די קענטיקסטע צייכנס פון דער חיה, וואָס איז זיין סימבאָל. אָבער נישט שטענדיק. די פסוקים 11, 14 און 15 אין קאַפּיטל פינף פון „שיר השירים״ קאָנען בשום אופן נישט זיין עפּעס אַנדערש ווי די שילדערונג פון אַ געץ, וואָס זיין קאָפּ איז פון לויטערן גאָלד, זיינע העננט גילדענע וואַלצן איינגעפאַסט מיט תרשישי־שטיינער, זיינע געשלעכט־אָרגאַנען פון עלפנביין באַצירט מיט סאַפירן, און זיינע שענקלען מירמלשטיינערנע זיילן באַפעסטיקט אויף גינגאָלדענע שוועלן. אַנדייטונגען אויף אַ סטאַטוע (דאָס מאָל פון אַ געטין), געפינט מען אויך אין קאַפּיטל זיבן, באַזונדערס אין די פסוקים 3, 5 און 6. ווען דער נאָפּל פון אַ פרוי ווערט געשילדערט ווי אַ „לבנה־בעקן״ **) און איר בויך ווי אַ הויפן ווייץ באַזוימט מיט רויזן, איז עס אומזין. אָבער די סטאַטוע פון אַ געטין פון פרוכטבאַרקייט דאַרף האָבן אַ נאָפּל ווי אַ „לבנה־בעקן״ מיט אַ צוזאָג, אַז עס וועט נישט פעלן קיין וויין, און איר בויך דאַרף זיין אויסגעמאָלן אָדער אויסגעקריצט מיט אַ הויפן ווייץ, ווי אַ צוזאָג, אַז זי וועט בענטשן דאָס פעלד מיט שפע.

מיר דאַכט, אַז אַפילו דער צוזאַמענקלאַנג פון די נעמען „שלמה״ און „שולמית״ איז נישט קיין צופאַל. ער איז אויך נישט אויסגערעכנט אויף דיכטערישן וואוילקלאַנג ווי מען וואָלט געקאָנט אָננעמען, נאָר זיי „בעל״ און „בעלת״ זיינען זיי די נעמען פון דעם פאַרגעסענעם גאָט־פּאָר, און זייער מיין איז נישט „פרידן״, נאָר „גאַנצקייט״ און „דער־פילונג״, און אפשר אויך יענער אידעאַלער פרידן, וואָס קומט מיט

**) „לבנה־בעקן״ איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען אַ צערעמאָניעלער בעכער אין קולט פון דער לבנה. דער קעניגין פון הימל, וואָס איז בלויז אַן עפּיטעט פאַר דער געטין „בעלת״, „עשתורת״ („אַסטאַרטע״ אָדער „אַפראָדיטע״), ווי די גריכן האָבן זי פאַרנרייזט גערופן, פון וועלכע מען האָט אונדזערע אור־עלטערן נישט געקאָנט אָפּגעוואוינען אַפילו אַזוי שפּעט ווי האַרט פאַר דעם ערשטן חורבן.

גאַנצקייט און דערפילונג, דערפון אויך מײַן אַנדערע השערה, אַז דער הויפּט טעמפּל פון יענעם גאָט האָט זיך געפונען אין ירושלים, וואָס האָט אורשפּרינגליך געהייסן „עיר־שלם". און ווער ווייס? אפשר איז דאָס געווען יענער „אל־עליון", וואָס אונדזער ערץ־קרוב, מלכי־צדק, דער קיניג פון עיר־שלם, איז געווען זײַן כהן.

יעדער גאָט־סימבאָל איז פון צײַט צו צײַט געבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן צו זיך אַליין. שפּעטער, ווען זײַן קולט איז אונטערדריקט געוואָרן, איז זײַן סימבאָל געבראַכט געוואָרן. פאַר אַ קרבן צום נײַעם גאָט, וואָס האָט פאַרנומען זײַן אָרט, טײלווײַז צו ווײַזן ווי נישטיק ער איז, און טײלווײַז כדי אויך צו ווײַזן, אַז דער נײַער גאָט האָט צוגענומען אַלע זײַנע געטלעכע אַטריבוטן: דורך די קרבנות, וואָס מען האָט מקריב געווען אין אונדזער בית המקדש, קאָן מען קריגן אַ שטיקל באַגריף, וואָס פאַר גאָט־סימבאָלן אונדזערע אור־אור־עלטערן האָבן געהאַט אין פאַרשיידענע צײַטן. צווישן יענע קרבנות האָט זיך דער הירש נישט געפונען. דער דאָזיקער פאַקט וואָלט געredt קעגן מײַן השערה, ווען הירש אַלס גאָט־סימבאָל, ווען מען וואָלט דעם הירש קאָנען צאַמען און אים מאַכן פאַר אַ שטוביקע חיה, ווי דעם אָקס, דעם באָק, דעם לאַם, דעם ווידער און די טויב, וואָס איז בײַ אַ טייל סעמיטישע פעלקער אויך געווען אַ גאָט־סימבאָל.

אגב איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דער הירש איז מיט אונדז ייִדן שטענדיק מיטגעגאַנגען אין וואָרט, בילד און צייכן. אין אַלטע צײַטן ווי אַ סימבאָל פון דער העכסטער שיינקייט, אָפט פאַרבונדן מיט שטראַלנדיקער הערשערשקייט, ווי דאָס ווײַזן אַ סך מעטאַפאָרן אין תנ"ך. שפּעטער זײַנע סטיליזירטע הערנער ווי שריפט־באַצירונגען אויף הייליקע פאַרמעטן, און מטילא ווי געהיימע צייכנס פאַר מקובלים. ווי אַן אָרנאַמענט אין שול, ווי אַ וויניעטע אין ספר, און ביז אויף אונדזערע טעג ווי די ליבלינג־פיגור אין פרימיטיוו־ייִנגלישע פאַרזוכן אין שניצן און מאָלן, און אין מיידלשע אויסהעפטיגונגען אויף לײַוונט און קאַנווע.

אין די לעצטע שווערע יאָרן—די גרויליקסטע אין אונדזער געשיכטע—איז דאָס קאָנען זיך פאַרטראַכטן וועגן אונדזער ווײַטער ווייטן, אין נעפּל שטעקנדיקן עבר געווען אַן אמתע ברכה. מעגלעך אַז

אונטער דעם אַנאַליז פון שטרענגער, ריין־וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג וואַלטן מיינע השערות צערונען געוואָרן ווי זייפן־בלאָזן. איך אָבער בין פון זיי געווען באַזעסן ווי פון אַ לעבעדיקן, צאַפּלדיקן אמת, וואָס האָט מיך געהאַלטן געשפּאַנט יאָרן נאָכאַנאַנד. על כל פנים בין איך צופרידן, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן די מעגלעכקייט פאַר נייע פאַ־ קטישע סימבאָלן און אַלטע ניי צו באַלעבן.

